קלמן ליס

# פון פושקינס ליריק



קלמן ליס

# פון פּושקינס ליריק

אויסגאַבע „שריפטן" נומער 1

וואַרשע 1937–38

דעם 29 יאַנואַר 1837 איז טראַגיש אומגעקומען איינער פון די גרעסטע וועלט־דיכטער, דער טיטאַן פון דער רוסישער פּאָעזיע, איר שעפער און גייסטיקער וועגווייזער אַלעקסאַנדער סערגייעוויטש פּ ו ש ק י ן. ער האָט איבערגעריסן מיט די אַלטע פּאָעטישע טראַדיציעס פון פסיידאָ־קלאַסישער באָמבאַסטיק און אָנגעהויבן די נייע עפּאָכע פון קינסטלערישן רעאַליזם. אַליין אַ ברויזנדיק זוכנדיקע נאַטור,—האָט פושקין אָנגעהויבן מיטן פריידיקן עפּיקורעישן פונש־ליד, דעם הימן צום זאָרגלאָזן לעבנס־געניוס, געקומען מיט דער צייט צו דער אומעטפולער, טיף־מענטשלעכער עלעגיע, נישט אָפּ־געשטעלט זיך און אַריינגעקוקט דאָס לעבן גלייך אין די אויגן דורך דער דראַמע און טראַגעדיע. ווי יעדער עכטער אויפריכטיקער קינסטלער אַנטפּלעקט פושקין דורך זיינע שאַפונגען די אין זיין צייט פערמענטירנדיקע פּראָבלעמען, וואָס ווערן ביי אים פאַרקערפּערט אין זיין ליד און אין זיין פּראָזע. פאַר דער גרויזאַמער צייט פון פיג־סטערן צאַריזם, די צייט פון דעספּאָטישן ניקאָלאַי דעם ערשטן און זיין טעמפּער בלוט־דורשטיקער קאַמאַריליע — איז אַלעקסאַנדער סערגייעוויטש פושקין געווען דער, וואָס האָט געוואַגט אויפצוהויבן זיין שטים אין שוץ פון גערודפטן און געפּאַלעטעם.

זיין לעבנס־וועג האָט פושקין דורכגעמאַכט אין דער באַגלייטונג פון צוויי געשטאַלטן: דעם בייזן גענעראַל בענקענדאָרף, דעם דיכטערס קייזערלעכן אַפּיטרופּוס און שפּיאָן, די פאַרקעפּערונג פון צאַרישן סאַלדאַפּאָנישן שטיוול און דעם ערלעך לוי־טערן חבר און פריינט, דעם פרייהייטס־קעמפער, און פאַרשיקטן דעקאַ־בריסט טשאַאַדאַיעוו. דעם לעצטן איז פושקין — נישט געקוקט אויף אַלע זיינע פּאָ־ליטישע און רעליגיעזע וואַקלונגען — געבליבן געטריי זיין גאַנץ לעבן. אים טאַקע

**איז געווידמעט דאָס באַקאַנטע ליד, ווו פושקין אַנטפּלעקט זיך פאַר אונז אַלס נביא, וואָס האָט פאָרויסגעזען דאָס, וואָס איז אין הונדערט יאָר אַרום מקוים געוואָרן, די צעפאַלונג פון דער בייזער זעלבסטהערשאַפט.**

„ס׳וועט אויפגיין, חבר מיינער, האָף,
פון וווּנדערבאַרן גליק דער שטערן.
ס׳וועט רוסלאַנד אויפוואַכן פון שלאָף
און אויף די חורבות פון זעלבסטהערשאַפט
אונזערע נעמען שרייבט זי אויף.“

קלמן ליס

* *
*

## Exegi monumentum

כ׳האָב זיך אַ דענקמאָל אויפגעשטעלט לעולם ועד —
דער שטעג פון פאָלק צו אים פאַרוואַקסט נישט אויף אַ ווייל.
דערהויבן האָט ער זיך מיטן קאָפּ גאָר אָן הכנעה
נאָך העכער פון דעם אלעקסאַנדער⸗זייל.

ניין! אינגאַנצן שטאַרב איך נישט, אין לירע די נשמה
לעבט איבער לאַנג מיין שטויב, צעפוילן קיינמאָל וועט.
און זיין וועל איך באַרימט, ווי לאַנג אונטער לבנה
בלייבט לעבן כאָטש נאָר איין פּאָעט.

מיין שם צעטראָגן וועט זיך איבער רוס דער גרויסער,
ס׳וועט יעדער שטאַם אין איר דערמאָנען מיך צום גליק:
דאָס שטאָלץ⸗סלאַוויאַנער אייניקל, דער פין, און היינט נאָך ווילדער
טונגוז, און פריינט פון סטעפּ — קאַלמיק.

און לאַנג דערמיט דעם פאָלק זיין וועל איך טייער,
וואָס מיט מיין לירע איידעלע געפילן כ׳האָב אַנטפּלעקט,
וואָס אין מיין בייזן דור באַזונגען האָב איך פרייהייט
און ליבע צו געפאַלענע געוועקט.

# טשאַאַדאַיעוון

ס'האָט אונז דער שקר פון דעם האָפן
פון ליבע, רום נישט לאַנג געפרייט;
די יוגנט־שטיפעריי ז'אַנטלאָפן,
ווי רויך, ווי נעפל זיך צעזייט.

נאָר טיף אין אונז פאַרלאַנגען שטומע
גליען אונטער בייזער מאַכט,
מיט אומגעדולדיקער נשמה
פאַרנעמען מיר פון היים די שפראַך.

אויף פרייהייט היילקער מיר וואַרטן
מיט פיינלעכן באַגער אין בלוט,
ווי ס'וואַרט פאַרליבט אַן אויסגעגאַרטער
אויף זיסער זעונג די מינוט.

ווי לאַנג נאָך ס'קלאַפּט דאָס האַרץ פאַר פרייהייט —
ווי לאַנג פאַר רום דאָס האַרץ איז יונג
דעם פאָטערלאַנד, מיין פריינד, מיין טרייער,
אָ, לאָמיר שענקען העכסטן שוווּנג!

ס'וועט אויפגיין, חבר, גלויב און האָף,
פון וווּנדערבאַרן גליק דער שטערן;
ס'וועט רוסלאַנד אויפוואַכן פון שלאָף,
און אויף די חורבות פון זעלבסטהערשאַפט
אונזערע נעמען שרייבט זי אויף!

# דאָס פייגעלע

פון „ציגיינער“

גאָטס פייגעלע ווייסט נישט פון קיין נויטן,
נישט פון מי, און נישט פון באַנג;
און דאָס נעסטעלע זיך בויט עס
נישט פאַרזאָרגט אויף יאָרן לאַנג;

אַ גאַנצע נאַכט אויף צווייגל ס׳דרימלט.
און אין ראָזן זון־אויפגאַנג
פאַרנעמט דאָס פייגעלע גאָטס שטימע,
פלאַטערט אויף מיט אַ געזאַנג.

נאָך דער פרילינג־צייט דער ליבער
גייט דער זומער־לעבן אַוועק —
און אין נעפּלען, רעגנס טריבע
קומען שפּעטע אָסיען־טעג.

עלנט איז דער מענטש, פאַרטרויערט —
נאָר דאָס פייגעלע פליט ווייט
איבער ימען איבער בלויע
אין וואַרמען לאַנד ביז פרילינג־צייט...

# דער ווֹאָלקן

ווֹאָלקן דו לעצטער פון וויכער צעזייטן!
נאָר דו אַליין שוועבסט איבער טיף בלויע ווייטן,
נאָר דו אַליין וואַרפסט אָן אַ שאָטן וואָס נאָגט,
נאָר דו בלויז פאַראומערסט דעם שטראַלנדן טאָג.

דו האָסט ערשט באַלאַגערט דעם הימל דעם רונדן
און ס'האָט דיך אַ גרויזאַמער בליק אָנגעצונדן
און דו האָסט אַ דונער צעקוילערט העט העט
און דורשטיקע ערד אָנגעטרונקען צו זעט.

גענוג שוין, באַהאַלט זיך! אַריבער דיין צייט איז,
די ערד האָט דערפרישט זיך, דער וויכער שוין ווייט איז,
אוןווינט, וואָס איצט גלעט ער די בלעטלעך פון בוים
טרייבט דיך אַוועק פון באַרואיקטן רוים.

# איך היט אָפּ אין דער פרעמד דעם מנהג

איך היט אָפּ אין דער פרעמד דעם מנהג.
דעם אַלטן מנהג פון מיין הויז:
און לאָז אין ליבן יום־טוב פרילינג
דאָס פייגעלע פון שטייג אַרויס.

עס האָט די טרייסט מיך אין מיין לעבן
נישט אויסגעמיטן, נישט פאַרפעלט,
ווען איין באַשעפעניש נאָר געבן
איך קען די פרייע ברייטע וועלט.

## האַרבסט

פון „יעווגעני אניעגין“

דער הימל הויבט מיט האַרבסט אָן הויכן,
שוין זעלטענער די זון טוט לויכטן,
ס'ווערט קורץ דער טאָג. ווי נישט געדאַכט;
פון וועלדער סודותפול די טראַכט
אַנטבלויזט האָט זיך מיט רויש מיט טויבן;
אויף פעלדער שפּרייט זיך אַ טומאַן;
פון גענדז אַ ראַשער קאַראַוואַן
ציט אויף דרום-זייט און ס'נענטערט
אַ גרויע, לאַנגווייליקע צייט —
נאָוועמבער שטייט שוין ביי דער זייט.

# דער געפאַנגענער

איך זיץ הינטער קראַטעס אין פייכטלעכער צעל.
אַן אָדלער געכאָוועט אויף ברייט־פרייער וועלט
מיין חבר, פאָכט טריב מיט אַ פליגל און שפרייזט
און פיקט ביי מיין פענסטער די בלוטיקע שפייז;

פיקט און צעוואַרפט, קוקט אין שויב אַריין וואַך,
ווי האָבן פאַרטראַכט מיט מיר וואָלט ער איין זאַך;
ער רופט מיט זיין בליק מיך און מיט זיין געקרעק,
און זאָגן מיר וויל ער: „היי, לאָמיר אַוועק!

מיר פייגל, מיר פרייע; שוין צייט, ברודער, צייט!
אַהין ווו דורך וואָלקנס אַ באַרג העלט פון ווייט,
אַהין ווו די ים־לענדער בלויען אַצינד,
ווו מירביידע הוליען נאָר — איך און דער ווינט״ !...

1822

# די לעצטע בלומען

די לעצטע בלומען זענען ליבער
פון שענסטע ערשטלינגען אין פעלד,
זיי וועקן שאַרפער נאָך די טריבע
טרוימען אויף אין אונזער וועלט.
אַזוי אַמאָל איז שיידונג ליבער
פון זעאונגס־שעה, וואָס יאָגט מיט קעלט...

# ווינטער

פון „יעווגעניש אָניעגין“

ווינטער. יום־טובדיק דער פּויער
באַנייט אויף שליטן שוין דעם וועג;
דעם שניי דערפילט זיין פערד דער גרוייער
לאָזט זיך טענצלדיק אַוועק;
פּוכקע גרודעס אויפגעריסן,
פליט אַ קעטשל אויף רעוויסע;
אויף שטענגעלע—ס׳בעזעס פון האָלץ,
זיצט דער שמייסער וויכטיק שטאָלץ,
אין וואַרמען טולופּ אויבנאָן,
מיט רויטן גאַרטל אָנגעטאָן.
אָט לויפט אַרום אין הויף אַ יינגל,
ער האָט שוין זשוטשקעלען אין שליטן
אַרויפגעזעצט, אַליין פאַרביטן
האָט ער זיך אין אַ פלינקן פערד;
דער שטיפער האָט זיך שוין אַ פינגער
אָפּגעפרוירן, וואָס איר הערט!
ער לאַכט. אַז ס׳טוט, נישט ווייי אים, גלויב, —
די מאַמע דראָט אים דורך דער שויב.

# כ'האָב אייך געליבט

כ'האָב אייך געליבט, קען זיין נאָך, אַז באַוועגן
זיך טוט אין האַרץ די ליבע ערגעץ ווו,
נאָר זאָל זי אייך אַצינד שוין מער נישט רעגן,
איך וויל נישט מער איצט שטערן אייער רו.

כ'האָב אייך געליבט אָן האָפנונג, פול באַגערן,
מיט אייפערזוכט, פון אומדרייסטקייט באַטריבט.
כ'האָב אייך געליבט אי צאַרט אַזוי, אי ערנסט,
ווי העלף איייך גאָט — פון צווייטן זיין געליבט.

* * *

איך האָב געטראַכט — דאָס האַרץ פֿאַרגעסן
האָט לאַנג די קונסט פֿון ליכטן פּיין,
איך האָב געזאָגט: „וואָס איז געוועזן,
דאָס וועט שוין קיינמאָל מער נישט זיין!“

די ליבע־ליידן שוין פֿאָריבער,
באַרוט זיך האָבן טרוימען זאַכט...
און דאָ דאָס האַרץ אויפסניי צעפּיבערט
פֿאַר שיינהייטס־הערשנדיקער פּראַכט!...

# שפּאַנישער ראָמאַנס

דער נאַכט זעפיר
שטראָמט לייכט עפיר,
עס רוישט,
עס לויפט
גוואַדאַלקיוויר.

אָט גייט אין גאָלד אויף די לבנה
שטיל און שאַ... גיטאַרע קלאַנג...
אָט אַ יינגע שפּאַניער־דאָנגע
לענט זיך אָן אין באַלקאָן־ראַנד.

דער נאַכט זעפיר
שטראָמט לייכט עפיר,
עס רוישט,
עס לויפט,
גוואַדאַלקיוויר.

טו אויס דיין מאַנטל, מלאך ליבער,
און ווי העלער טאָג דערשיין!
דורך אייזן־שטאַנגען שטרעק אַריבער
מיר דאָס וווּנדער־פיסל דיין!

דער נאַכט זעפיר
שטראָמט לייכט עפיר,
עס רוישט,
עס לויפט
גוואַדאַלקיוויר...

* *
*

נישט זינג, מיין שיינהייט, לידער מיר
פון אומעטיקע גרוזיען צייטן
ס׳דערמאָנט אַן אַנדער לעבן מיר,
אַ נעפּלדיקן ברעג, אַ ווייטן.

אוי וויי, דוי סטוּען מיר דערמאָנען
איצט דיינע גרויזאַמע געזאַנגען
דעם סטעפּ, די נאַכט, ביי דער לבנה
די פּרוי פון מיינע שווערע באַנגען.

דאָס ליב געשפּענסט, וואָס מיך פאַרפאָלגט,
ווען איך דערזע דיך, ווערט צערינען,
נאָר ווען דו זינגסט, קומט נאָכאַמאָל
צוריק צוביין עס אין מיין זינען.

נישט זינג, מיין שיינהייט, לידער מיר,
פון אומעטיקע גרוזיען צייטן,
ס׳דערמאָנט אַן אַנדער לעבן מיר,
אַ נעפּלדיקן ברעג, אַ ווייטן.

## צו אַ. פּ. קערן

כ׳געדענק אַ ווונדערבאַרע רגע:
דו האָסט פאַר מיר אַזוי דערוואַכט,
ווי אַ זעונג לייכט־באַוועגלעך,
ווי דער זשעני פון ריינסטער פּראַכט.

אין בענקשאַפט האָפנונגסלאָז געגאַרטער,
אין זאָרגן־רויש פון לעבן טריב,
געקלונגען לאַנג דיין קול דער צאַרטער,
געחלומט מיר די שטריכן ליב.

געפלויגן יאָרן. לעבן־וויכערס
צעזייט די טרוימען פון אַמאָל,
און איך האָב דיינע ווונדער־שטריכן
פאַרגעסן גלייך מיט צאַרטן קול.

ווייט, אין הושך פון פאַרשפּאַרונג
געצויגן שטיל זיך טעג אין צוים,
אָן גאָט, באַגייסטערונג, אָן גאַרונג
אָן טרערן, לעבן, ליבע־טרוים.

נאָר אָט האָט ווידער מיין נשמה
פון איר דרימל אויפגעוואַכט,

און כ׳זע אַ זעונג, אַ נחמה,
ווי דער זשעני פון רײנסטער פּראַכט.

און ס׳קלאַפּט דאָס האַרץ באַרוישט, פאַרשיכּורט,
ס׳האָט אויפגעלעבט אין אים צוריק
די געטלעכקייט, די וווּנדער־בליקן,—
דאָס לעבן, טרערן, ליבע־גליק.

# עפּיגראַמען

I

דער דיכטער קליט ווען אין גן-עדן,
נישט זיין פאַר זיינע שווערע זינד:
זאָל גאָט פאַרגעסן זיי באַשיידן,
ווי זיינע ווערק די וועלט אַצינד.

II

ס׳וועט אייביק זיין, דאָס איז שוין איינס,
אַזאַ ז׳די וועלט שוין נישט פון היינט,
למדנים שפּאָר—חכמים ווייניק
באַקאַנטע פול—נאָר ס׳פעלט אַ פריינט...

III

אַ פּאָעט, דוכט זיך. איז ער, אַ גאון,
אַ פּוסטער מענטש איז עמיל, ניין ?!
און פול מיט וואָס ביסטו ? מיין קלאון,
אָ, איך פאַרשטייי : מיט זיך אַליין !
ביסט פול מיט עפּוש, ליבער מיין !

## VI

א גרויסער ווײַל איך ווערן,
כ'ליב רוסלאַנדס כבוד הייס,
איך זאָג אַ סך צו גערן,
צי כ'פיר עס אויס—גאָט ווייס!...

## נישט שטראָף מיך, גאָט...

נישט שטראָף מיך גאָט און היט מיך אָפּ,
כ׳זאָל נאָר פון זינען נישט אַראָפּ;
שוין ליבער איבער שטאָק און שטיין
מיט טאָרבע, שטעקן אומצוגיין,
יאָ, בעסער מיר שוין הונגער־נויט.
נישט, ווייל כ׳זאָל האַלטן שטאַרק אַזוי
גאָר טייער מיין פאַרשטאַנד,
אַז כ׳זאָל צו שיידן זיך מיט אים
נישט קיינמאָל זיין אומשטאַנד.
ווען איבערלאָזן זאָל מען מיר
די פרייהייט, ווי געלאָזט כ׳וואָלט זיך
מיט פרייד אין טונקלען וואַלד,
געזונגען כ׳וואָלט אין הייסן בלענד,
פאַרגעסן זיך גאָר אָן אַן ענד
אין טרוימערשן וועלטאַל.
און גוט וואָלט זיין אין כוואַליעס מיר
זיך איינהערן גאָר אָן אַ שיעור,
און פול מיט גליק צו טרוימען
פאַרקוקט אין הימל־רוימען.
און שטאַרק און פריי וואָלט איך געווען
אָט ווי דער ווינט אין פלינקן פענד,
וואָס נישטערט דורך די פעלדער,

וואָס ברעכט די שטאַרקע וועלדער.
נאָר אָט אַ פּלאָג, משוגע ווער
און שרעקלעך ביסטו, — וואָס דער מער!
ווי דזשומאַ, גאָט באַהיט...
און זע... גלייך ביסטו שוין פֿאַרשפּאַרט,
פֿאַרריגלט אין אַ שטייג, דו נאַר,
אין תּפֿיסה־קייט געשמידט,
ווי צו אַ היה דורך דער קראַט
מ׳עט קומען סתּם אַ שפּאַס טון גלאַט
צו רייצן זיך מיט דיר.
און אין דער נאַכט דערגיין צו מיר
וועט נישט דעם סלאָוויקס העל־געזאַנג,
דאָס טויב גערויש פֿון וואַלד —
נאָר פֿון חברים מיינע באַלד
ס׳געשריי פֿון תּפֿיסה־צעל אַרויס,
און ס׳זידלען זיך פֿון וועכטער־לייט
אַ נאַכט אַ גאַנצע לאַנג
און בריאַזג און קייטן־קלאַנג...

# ד ע מ אָ ן

אין יענע טעג, ווען ניי געווען מיר
איז יעדער איינדרוק פון דעם זיין —
דער מיידל־בליק, ס׳געררויש פון דעמבעס,
דער סלאָוויק־טרעל אין אָוונטשיין:

ווען די דערהויבענע געפילן,
ליבע, פרייהייט, רום און מוט
מיט קונסט באַגייסטערטער מיין ווילן
געשטאַרקט, און הייס גערעגט דאָס בלוט:

האָט אומגעריכט מיט טרויער שטומען
מיין שעה פון פרייד, נשמה־גלי,
פאַרשאָטנט און גענומען קומען
צו מיר אַ שטרענג־בייזער זשעני.

ביים טרעפן טריב געווען ביידע:
זיין שמייכל, בליק — אַ וווּנדער־פלאַם,
מיט בייסיקע, מיט זיינע רייד
געטריפט מיר אין נשמה סם.

מיט אומדערשעפטן זידלען קאַלטן
האָט ער פון גורל בייז געשפּאָסט;
דאָס שיינע בלויז פאַר טרוים געהאַלטן,
און האָט באַגייסטערונג געהאַסט:

ניט געגלויבט אין פרייהייט, ליבע,
מיט חוזק, שפּאָט די וועלט געמאָלט —
און קיין זאך אין נאַטור דעריבער
האָט ער בענטשן נישט געוואָלט.

## דער נביא

פון דורשט פון גייסטיקער געפּלאָגט
אין מדבר קוואַרן, מיד, אָן האָפן,
כ׳האָב זיך געשלעפּט פון היץ געיאָגט
און ס׳האָט אַ מלאך מיך געטראָפן.
צו מיר אויף שיידוועג זיך אַנטפּלעקט
אַ זעקספליגלדיקער שׂרף,
פאַרשטעלט אויף ווייטער מיר דעם וועג
און כ׳בין געבליבן, ווי מטורף.

מיט פינגער לייכטע, ווי אַ טרוים,
אַ ריר געטון די וויעס קוים,
און ס׳האָבן נביאישע די וויעס
זיך אויפגעריסן, ווי צום פלי עס
רייסט אַן אָדלערין זיך אויף
פון טאָל דערשראָקן—באַרג אַרויף.
אַ גלעט דעם אויער מיר געטון
און אָנגעפילט מיט רויש און קלונג.
און הימלס ציטער כ׳האָב פאַרנומען
און די מלאכימס העכסטן פלי,
דעם קריך פון שלאַנג אויף יאַם־גרונט שטומען
און פון דער לאָזע דעם פאַרבלי.
און ער צו ליפּן האָט געטון

אַ פאַל מיר צו און האָט מיין צונג
דעם זינדיקן אַרויסגעריסן,
דעם ליגנערישן, פוסטן, זיסן
און האָט דעם גיפט פון קלוגער שלאַנג
דורך ליפּן אָפּגעשטאָרבן, קראַנק,
מיט האַנט פאַרבלוטיקטער אין מויל
אַריינגעלייגט מיר צו מיין גרויל.
ער האָט מיט שווערד מיין ברוסט צעהאַקט
און ס'האַרץ דאָס צאַפּלדיקס, דאָס טייערס,
אַרויסגענומען, און פאַרפּאַקט
האָט ער אין ברוסט אַ קויל, אַ פייער.
און כ'בין געלעגן, ווי אַ מת.
און ס'האָט גאָטס שטים מיך אויפגעפאָדערט:
— וואַך נביא אויף, פאַרנעם און זע,
ווער מיט מיין רצון פול, בן־אדם,
שפּאַן אויס די וועלט ווו נאָר אַן אָרט
און צינד דעם מענטשנס האַרץ מיט וואָרט!...

# אַנטשאַר — דער בוים פון טויט

אין ווייסטע טרוקענער, צעגליטער,
אויף קוואַרן גרונט פון היץ צעברענט,
אַנטשאַר, אַ גרויזאַם שטרענגער היטער,
שטייט אַליין אין דעם אָנענד.

די דורשטיקע נאַטור פון סטעפּ
אין צאָרן־טאָג אים האָט געבוירן,
און האָט זיין בלעטער בלייך געוועב
מיט גיפט ביז וואָרצלען אָנגעיורן.

דער סם פון קאָרע זיינער טריפט.
בייטאָג צעשמאָלצן ווערט — אַ קללה,
און מיט פאַרנאַכט פאַרגליווערט גיפט
און דורכזיכטיק־געדיכטער סמאָלע

אַ פויגל פליט צו אים נישט צו,
אַ טיגער קומט נישט, בלויז אַ ווייכער
לויפט אָן אויף טויטן־בוים פון ווי
און גלייך פאַרסמט, זיך טראָגט ער ניכער

און אויב פאַרבלאָנדזשענדיק גאָר סתם
ס׳געדיכטע גרינס באַפייכט אַ כמאַרע,
טריפט אָפּ פון צווייגן גלייך מיט סם
דער רעגן אויף דעם זאַמד צעפּאַרעט.

נאָר ס'האָט דער מענטש דעם מענטש דורך שרעק
בעשיקט צום בוים מיט בליק מיט שטרענגען,
געהאָרכזאם ז'ער אין וועג אַוועק,
באַגין צוריק דעם סם אים ברענגען.

געבראַכט די טויט־סמאָלע מיט זיך,
אַ צווייג מיט בלעטער טרוקן־אַלטע,
און ס'האָט דער שוויס פון זיין געזיכט
אַראָפּגעשטראָמט מיט ריטשקעס קאַלטע.

געבראַכט און מיד דערפילט זיך, שלעכט,
געלייגט אין שאָטן זיך אויף ליקע;
און ס'איז געשטאָרבן אָרמער קנעכט
צו פיס ביים הערשער אומבאַזיגטן.

און איינגעטונקען האָט דער צאַר
די פיילן אין דעם גיפט צעגליטן,
און האָט מיט זיי דעם טויט־געפאַר
צעשיקט אין שכנהשע געביטן...

# דאָס דאָרף

כ׳באַגריס דיך איינזאַם ווינקעלע, מיין ברעג
פון רו, פון מי, באַגייסטערונג נאָך שטורמישע מעת־לעתן,
ווו ס׳פליסט זיך אומגעזען דער שטראָם פון מיינע טעג
אויף שויס פון גליק און פון פאַרגעסונג.
כ׳בין דיין; איך האָב די הייף די זינדיקע פונקיסרים אויסגעטוישט,
די סעודות פרעכטיקע, תענוגים און פאַרפירערשע באַגערן
אויף שטילקייט פונם פעלד, אויף וואַלדיק־דעמבישן גערויש,
אויף פרייער פוסטענפאַסטקייט—די פריינדין פונם קלערן.
כ׳בין דיין: כ׳האָב ליב דעם טונקלען סאָד פאַרגראָזטן,
מיט זיין קילקייט, מיט די קווייטן,
דעם לאַן מיט סטויגן זאַנפטיקע, דעם גרין געשפרייטן,
ווו ריטשקעס לויטערע דאָרט רוישן צווישן קוסטעס.
ס׳באַוועגן בילדער זיך פאַר מיר גאָר אָן אַ צאָל:
אָט זע איך אָזערעס—צוויי בלויע לאַזור טאָלן,
ווו ס׳טוט אַ פישער זעגל ווען אַ בלענד אַמאָל,
נאָך זיי אַ היגל ריי און פעלדער גרינלעך־גלאַטע;
פונוויטנס דאָ און דאָרט צעוואָרפן שטייען כאַטעס,
אויף פייכטע ברעגעס בראָדזשיען טשערדעס שטילע,
שטאַלן רויכנדע און פליגלענדיקע מילן.
ס׳רוט אומעטום דער שפור פון מי, צופרידנהייט,
און איך דאָ פון די קייטן פיינלעכע באַפרייט
לערן אין דעם אמת זיך דעם תענוג צו געפונען,

ס׳געזעץ פאַרגעטערן מיט פרייער מיין נשמה.
נישט אויפנעמען דאָס קלאָגן זיך און ברומען
פון פראָסטן און פון פינסטערן המון,
און בלויז מיט מיטלייד ענטפערן אליין
אויף שעמעוודיק, באַשיידענעם געבעט,
און קיינמאָל נישט מתקנא זיין זיך, ניין,
אין גורל פונם גזלן, צי פון נאַר
אין גלאַנץ פון שטאָלצן נישט פאַרדינטן חן.
אָראַקולן פון דורות! אייך רוף איך דאָ אַרויס,
דאָ, אין דער איינזאַמקייט דער גרויסער
העכער הערט זיך אייער טרייסטנדיקע שטימע,
זי טרייבט פון אויג דעם טריבן, פוילן דרימל
און וועקט אי״ן מיר אַ פרישן שאַפונגס־גלי,
און אייערע פרוכטבאַרע מחשבות
צייטיקן אין מיין נשמה־טיף.
נאָר אייך געדאַנק אַ גרויזאַמער פאַראומערט מיין געמיט
אָט דאָ אויף ברייטע פעלדער, גרינע לאַנען
וועלדער, גערטנער, סעדער בונט צעבליט,
טאָלן זאַנפטיקע און הויכע שטאָלצע בערג
טרויעריק דער מענטשהייטס־פריינט באַמערקט
די שאַנד פאַרניכטנדע פון גרויזאַמע פראָפאַנען.
קיין טרער נישט זעענדיק, נישט הערנדיק קיין קרעכץ,
גלייך פון דעם גורל אויסגעוויילט דעם מענטש אונטערצוברענגען
האָט דאָ דאָס ווילדע פריצנטום אָן שום געזעץ, אָן רעכט

זיך מיט דער בייטש פון גוואַלטאַט צוגעאייגנט
די מי, די צייט און אייגנטום פון פויער.
געבויגן איבער פרעמדן אַקער צום באַדויער,
פאַרקנעכטעט פון דער רוט—דאָ שלעפּט זיך מיד און מאַט
די קנעכטשאַפט מאָגערע אויף פעלדער־ברוזדעס גרויע
פון גוט־באַזיצער—דעם אַכזריותדיקן קאַט.
דאָ טראָגן אַלע ביזן גרוב אַריין דעם יאָך דעם שווערן,
נישט וואַגנדיק צו כאָוועז און נשמה טיף באַגערן,
און טעכטער בליען דאָ אָן האָפנונגען, אָן גלויבן
צו שטילן בלויז די תאווה פונם רויבער.
דער ליבער אָנשפּאַר פאַר זיך עלטערנדיקע טאַטעס —
די יינגע זין—הברים אין דער נויט —
זיך לאָזן גיין פון היימישע זיי כאַטעס
צו מערן קנעכט אויף מוטשען זיך צום טויט.
אָ, ווען מיין שטים זאָל קענען הערצער גליען!
צי וואָס דער פלאַם, וואָס ברענט ביי מיר אין ברוסט,
אַז נישט געגעבן מיר ס'געשאַנק פון גרויזאַמע נביאים?
צי כ'וועל דאָס פאָלק באַפרייט נאָך זען ,פריינט אָ מיינע,
און לויטן ווונק פון צאַר וועט קנעכטשאַפט, מער נישט זיין,
און ווען וועט אין מיין פאָטערלאַנד די פרייהייט זיך צעשיינען
און אויפגיין שוין אַמאָל דער בונטער מאָרגנשיין!

## ווינטער פרימאָרגן

פראָסט און זון — אַ טאָג אַ ווונדער,
נאָך דרימלסטו, מיין פריינד, אַצינדער,
שוין צייט, מיין שיינע, כאַפּ זיך אויף,
דעם בליק פאַרמאַכט מיט זיסן שלאָף,
צעעפן ברייט... די אויגן קלאָרע
אַנטקעגן צפון־ליכט אַווראָרע,
אַ צפון־שטערן זיך אַנטפּלעקט.
ביינאַכט, געדענקסט דעם ווינט — אַ שרעק.
אויף מוטנעם הימל זיך געטראָגן
אַ נעפּל... און ווי אַ בלייכער פלעק
צווישן כמאַרעס — סומנעם נאָגן
געגעלט האָט זיך לבנה־ליכט,
און דו געזעסן ביסט אַ טריבע,
און היינט, נאָר אַ כאַפּ אַ בליק, מיין ליבע,
אַדורך דער שויב ווי אומגעריכט
פון אונטער הימלען ליכטיק בלויע
מיט צויבער־טעפּיכער אויף רוי־ערד
בלישטשעט אויף דער זון דער שניי.
דער דורכזיכטיקער וואַלד נאָר טונקלט
און ס'טייכל אונטער אייז זיך מינט,
דאָס גאַנצע הויז בורשטין צעבלישטשעט
און מיט אַ פריילעך־ליבן טראַסק

דער אָנגעהייצטער אויוון טרישטשעט,
איז ליב צו טרוימען אויף געלעגער,
נאָר, ווייסטו, אפשר גאָרנישט פרעגן
און הייסן איינשפּאַנען צום פּאָר
אין שליטן ס׳קליאַטשקעלע דאָס בורע.
געגליטשט זיך אויפן מאָרגן שניי,
אָ לאָמיר, ליבער פריינד, דאָ צוויי
זיך איבערגעבן אומגעשטערט
דעם לויף פון אומגעדולדיק פערד,
באַזוכן לאָמיר פּוסטע פעלדער,
און ערשט נישט לאַנג געדיכטע וועלדער
און ברעג—מיין איינציקן באַגער.

* *
*

אָ פרײַנט, אין טעג מיר גרויזאַם־שלעכטע
מײַן טויב מײַן שוואַכע, אַלט און גרוי
אין סאָסנע װעלדער טיף־געדרעכטע
לאַנג, לאַנג דו וואַרסט מיך אָפּ אַזוי.
בײַם פענסטער פון דײַן צימער העלן
דו שטײסט פאַרזאָרגט, ווי אויף דער וואַך,
און דײַנע הענט געקאָרטשעט גלעט
די שפּיזלעך גײען לאַנגזאַם, שוואַך
דו קוקסט אויף אײַנזאַם־שטומען טויער,
אויף ווײַטן וועג פאַרטונקלט שוואַרץ;
בענקשאַפט, פאָרגעפיל און טרויער
פרעסט דיר יעדער ווײַל דאָס האַרץ.

## מיין שטים וואָס איז פאַר דיר...

מיין שטים וואָס איז פאַר דיר אי ליב אַזוי, אי האַרציק,
מאַכט אומרויִק דאָס שפּעטע שווייגן פון דער נאַכט דער שוואַרצער.
אַ ליכט אַן אומעטיקס לעם מיין געלעגער ברענט;
און מיינע לידער איילנדיק אין כוואַליעדיקן פענד
שטראָמען טייכן ליבע, פליִיצן פול מיט דיר.
אין פינצטערניש די אויגן דיינע בלישטשען איצט פאַר מיר,
זיי שמייכלען און אין קלאַנגען כ'הער זיך איין:
מיין פריינט, מיין צאַרטער פריינט, איך ליב, כ'בין דיין. בין דיין!..

## כ'האָב איבערגעלעבט שוין, די פאַרלאַנגען...

כ'האָב איבערגעלעבט שוין די פאַרלאַנגען,
כ'האָב מיינע טרוימען אָפּגעליבט,
געבליבן זענען בלויז מיר באַנגען —
די פרוכט פון פוסטן האַרץ באַטריבט.

אין שטורעמס פון מיין גורל ביידן
מיין קראַנץ מיין בליענדער ט'פאַרדאַרט,
כ'לעב זיך אומעטיק און איינזאַם
ווען קומען וועט מיין סוף? איך וואַרט...

אַזוי פון שפעטער קעלט געטראָפן
ווען ס'הערט זיך וויכערס קאַלטער פייף,
אַ בלאַט פאַרשפעטיקטע, אָן האָפן
פלאַטערט אויף אַ צווייג און שטייפט.

* *
*

צו ציונס הויכקייטן אַנטלויף איך איצט אומזיסט,
די זשעדנע זינד יאָגט נאָך די טריט פון מיינע פיס;
אַזוי פאַרהילכנדיק די וויסט מיט ווילדן רעווע,
מיט לאַפּעס שטויב צעקערט, געטרייסלט מיט דער גריווע
און פּיסק דעם שטויביקן פאַרשטעקט אין זאַמד צעגליט—
אַ הונגעריקער לייב פאַרפאָלגט דעם הירשנס טריט...

# דער לעבנס־וואָגן

ס׳איז ליכט אין גאַנג אַזוי דער וואָגן
כאָטש ס׳דריקט אים שווער אַזוי די לאַסט;
די גרויע צייט—דער פלינקער יאָגער,
אויף קעלניע זיצט זיך, ווי סע פּאַסט.

פאַרטאָג מיר זעצן זיך אין וואָגן,
צו ברעכן האַלז און נאַקן גרייט,
און צאַרטקייט, פולקייט פיינט געקריגן
מיר שרייען: „טרייב... נישט מאַך קיין רייד״!

ביי טאָג די דרייסטקייט שוין פאַרלאָרן,
צעטרייסלט האָט אונז, ס׳דראָט געפאַר,
פון בערגלעך קרומע און באַיאָרעס,
מיר בעטן: „לייכטער עטוואָס, נאַר!״

נאָר ס׳יאָגט דער וואָגן ווי זיין שטייגער,
פאַרנאַכט פאַרדרימלט און פאַרקלערט
מיר פאָרן צו דעם נאַכט געלעגער,
און ס׳טרייבט די גרויע צייט די פערד

# עלעגיע

ס׳פֿאַרלאָשן גליק פֿון וואַנזיניקע יאָרן
ז׳מיר שווער ווי נאָכן שכּרות דער זכּרון,
נאָר ווי דער וויין, פֿון טעג פֿאַרגאַנגענע דער אומעט
וואָס עלטער אַלץ מער שטאַרקער אין נשמה.
מיין וועג איז טריב, מיר זאָגט פֿאָר מי און זאָרגן
דער ים, דער ברויזנדער פֿון קומענדיקן מאָרגן,
נאָר כ׳וויל נישט שטאַרבן, פֿריינט מיינע, אָ ניין,
לעבן כ׳וויל כ׳זאָל ליידן און פֿאַרשטיין,
און כ׳ווייס איך וועל געניס נאָך האָבן, פֿריידן
צוגלייך מיט צרות, בענקען און מיט ליידן;
אַמאָל צוריק מיט ווילקלאַנג כ׳וועל מיט זיסן
באַטרונקען זיך, מיט טרערן זיך באַגיסן
און קען זיין אפֿשר אויף מיין סוף דעם טריבן
צום לעצטן מאָל אַ שמייכל טון וועט ליבע.

## צום ווייב

שוין צייט, מיין פריינט, שוין צייט! עס בענקט דאָס האַרץ נאָך רו!
אַ טאָג פליט נאָך אַ טאָג, און יעדער טאָג נעמט צו
אַ טייל פון אונזער זיין און מיר נאָך ביידע לאַנג —
מיר קלערן לעבן דאָ, און זע, ס׳איז שטויב, פאַרגאַנג.
נישטאָ אויף דער וועלט קיין גליק! ס׳איז דאָ נאָר רו און ווילן...
מיר חלומט זיך פון לאַנג דער גורל גליקלעך שטילער.
שוין לאַנג, אַ מידער קנעכט, פאַרקלערט כ׳האָב דעם אַנטלויף
אין וויטן צעלט פון מי און ריין געניס — צום סוף...

## אינהאַלט:


טשאַאַדאַיעוון . . . . . . . 9
דאָס פייגעלע . . . . . . . 10
דער וואָלקן . . . . . . . 11
איך היט אָפּ אין דער פרעמד דעם מנהג . . . 12
האַרבסט . . . . . . . 13
דער געפאַנגענער . . . . . . 14
די לעצטע בלומען . . . . . . 15
ווינטער . . . . . . . 16
כ׳האָב אייך געליבט . . . . . . 17
איך האָב געטראַכט . . . . . . 18
שפּאַנישער ראָמאַנס . . . . . . 19
נישט זינג . . . . . . . 20
צו אַ. פּ. קערן . . . . . . 21
עפּיגראַמען . . . . . . 23
נישט שטראָף מיך, גאָט . . . . . 27
דעמאָן . . . . . . . 29
דער נביא . . . . . . . 31
אַנטשאַר—דער בוים פון טויט . . . . 33
דאָס דאָרף . . . . . . . 35
ווינטער פרימאָרגן . . . . . . 38
אָ, פריינט . . . . . . . 40
מיין שטים וואָס איז פאַר דיר . . . . 41
כ׳האָב איבערגעלעבט שוין די פאַרלאַנגען... . . . 42
צו ציונס הויכקייטן . . . . . . 43
דער לעבנס־וואָגן . . . . . . 44
עלעגיע . . . . . . . 45
צום ווייב . . . . . . . 46

